# אין פארלאג מתנות בא דעם שלום עליכם פאָלק-אינסטיטוט

זענען איצט ארויס פון דרוק:

1) דער בער — — — — — — — — פרץ הירשביין
(געצייכנט פון ברוך ארנסאָן)

2) דער קאמיליאָן — — — — — — — — פרץ הירשביין
(געצייכנט פון אהרן גודלמאַן)

3) פארבלאָנדזשעט — — — — — — — יעקב קרעפּליאַק
(געצייכנט פון אהרן גודלמאַן)

4) משיח'ס קרוין — — — — — — — — יעקב קרעפּליאַק
(געצייכנט פון אהרן גודלמאַן)

5) מוראַשקעס — — — — — — — — — ה. גאָלדבלום
(געצייכנט פון אהרן גודלמאַן)

6) אין בלומען לאַנד (אָפּערעטע) — — — נ. קאַפּלאַן
(מוזיק פון י. דייוווידסאָן)

7) דער באַפרייטער (אָפּערעטע) — — — — — ז. וויינפּער
(מוזיק פון נ. זאַסלאַווסקי)
(געצייכנט פון י. קאַפּלער)

אלע ביכלאך זענען פון גרויסן פארמאַט, רייך
אילוסטרירט און שיין ארויסגעגעבן.

עס ווערן פארפערטיקט צום דרוק און וועלן אין
גיכן דערשיינען פאָלגנדיקע ביכער פאר קינדער:

אינגעלע-רינגעלע — — — — — — — — — — לעאָן עלבע
250 זייטן גרויסער פאָרמאַט

(אילוסטרירט פון אהרן גודלמאַן)

קאַווער-פּאַוער — — — ערשטע זאמלונג דערציילונגען
(אילוסטרירט פון אהרן גודלמאַן)

צו באַקומען בא דעם
„קינדער זשורנאַל"
1387 וואשינגטאָן עוועניו, בראָנקס, נ. י.
הויפט פארקויף בא
**MAX MAISEL**
**426 Grand Street, New York, N. Y.**

— יע, ער איז א בער. זאל ער זיין מיט אונדז. זאל ער זיין בא אונדז. אט דא אין בוים, דעם אויסגעהוילטן איז ער דאך געבוירן געווארן ... דאס איז דאך זיין מאמע. טא איז עס דאך א בער. א בער ווי אלע בערן, טא זאל ער זיין מיט אונדז. דא, אין אונדזער וואלד.

האבן זיך די געסט אנידערגעזעצט, אויף די הינטערשטע פיס. זיצט בא זייט די מאמע מיט איר קינד. האבן אלע בערן זיך ארומגעזעצט ארום די געסט, אלע, אלע אויף די הינטערשטע פיס און מיט די פאדערשטע האבן זיי געגלעט די נעז. האט דער יונגער בער ניט געקענט זיצן אויף די הינטערשטע פיס, ווייל ווי האט אים געטאן די רויע וואונד און שווער איז אים געווען צו זיצן. האט ער זיך אויפגעשטעלט, אזוי געבליבן זייט בא זייט מיט דער מאמען. האט געפינטלט, געפינטלט מיט די אייגעלאך, אזוי קוקנדיק צו די בערן וואס האבן אים ארומגערינגלט. און אזוי האט ער דערציילט. דערציילט, וואס עס איז מיט אים געשען, וואס עס איז מיט אים פארלאפן. עס האבן די בערן געגלעט די נעז און געשאקלט מיט די קעפ, ווען ער האט זיי אלץ דערציילט.



ן די מאמע און דאס קינד זיינען א גאנצע נאכט געגאנגען דורכ'ן טיפן פינצטערן וואלד. שטיל און שווער געשפרייזט און אלץ טיפער, טיפער אין וואלד אריין געגאנגען. עס איז די נאכט שוין גרא געווארן, בלייך געווארן ווען זיי זיינען אנגעקומען צו דעם אלטן, אלטן בוים, דעם אויסגעהוילטן. זיינען אנגעקומען בערן אלטע און בערן יונגע און זיי

ארומגערינגלט. פריער האט מען געשמעקט די לופט, דערנאך האט איינער דעם אנדערן געשמעקט און מע האט באם נאסט די וואונד דערשמעקט. אפשר האבן זיי פאר־שטאנען וואס עס איז מיט אים געשען און אפשר האבן זיי ניט פארשטאנען. בערן אבער זיינען גוטע, און אפשר זיינען בערן קלוגע אויך. איז אפשר האבן זיי טאקע יע פארשטאנען. האבן זיי געשאקלט מיט די קעפ שווער הין און הער איינס צום אנדערן געשאקלט :



מיט זיין מאמען געזעגנט, וואו ער האט זיך צום לעצטן מאל מיט זיין מאמען ארומגענומען.

.9



ר האט געשמעקט דעם ארט ביים ברעג וואלד און דערשמעקט זיינע אייגענע טריט. געשמעקט דעם ארט און דער־שמעקט זיין אלטע היים. ער האט דער־שפירט די טריט פון זיין מאמען און האט זיך שטארק פארביינקט נאך זיין מאמען. ער האט זיך אנידערגעלייגט אויפ'ן רוקן, צונויפ־גענומען אלע פיר פיס אין איין בינטל און דורכן בינטל פיס געקוקט צום ארט, וואו ס'איז געזעען זיין עק. ער האט זיך איינגעהערט צום ארט וואו ס'איז בא אים געוועזן אן עק און האט געהערט, ווי עס טוט אים וויי. ער האט דערקענט זיין אייגן בלוט ארום דעם ארט, וואו עס טוט אים וויי און א שאד איז אים געוועזן זיין אייגן בלוט.

איז געקומען א ווינטעלע און אים געגלעט, געגלעט זיין וואונד, און געשטילט זיין ווייטאק.

א ווינטעלע איז געקומען און האט צו אים געבראכט א גרוס פון וואלד. א ווינטעלע איז געקומען און געבראכט צו אים א גערויש פון וואלד; א גערויש פון שטילע, ווייכע טריט:

די טריט פון זיין מאמען!



דאס הארץ האט איר אנגעזאגט, אז איר קינד איז צעריק צו איר געקומען. איז זי צעריק צו איר קינד געקומען.

אוי, ווי גרויס איז געוועזן די שמחה. אוי, ווי גרויס איז געוועזן די פרייד!

פריער האט מען זיך ארומגעשמעקט, ארומגענומען און ארומגעלעקט. ביז עס האט די מאמע דעם ריח פון בלוט דערשמעקט. דערשמעקט דאס בלוט פון איר אייגן קינד.

האט זי געלעקט די וואונד פון איר קינד און פאר־שטאנען וואס עס איז מיט איר קינד געשען.

יעמלט האט זי זיך געזעצט אויף אירע הינטערשטע פיס און מיט די פאדערשטע איר קינד ארומגענומען, גלייך איר קינד אין די אויגן אריינגעקוקט און געזאגט:

— איצטער ביסטו שוין מיין קינד. טאקע מיינס אן אמת קינד. עס איז געשען, וואס עס האט באדארפט געשען. איצטער ביסטו שוין א בער. יע, דו ביסט א בער. איצטער לאמיר גיין צעריק אין וואלד אריין.

שרייט איין פויער:

— עס איז א בער גאר ניט ווי אלע בערן.

זאגט דער צווייטער:

— ער האט א לאנגן עק און איז מיטן הונט א פריינט, און וויבאלד ער איז מיטן הונט א פריינט און איז מיט אים געקומען, איז דאס א גרויסער סימן אז ער וויל ניט טאן קיין בייז און וועט ניט טאן קיין בייז. איז דעריבער זאלן מיר אים אויך ניט טאן קיין בייז.

רופט זיך אפ א פויער מיט א גרויסער האק אויפן אקסל. רופט ער זיך אפ צום באלעבאס פון הונט און זאגט אזוי צו אים:

— דאס איז דאך דיין הונט מיט דעם אפגעהאקטן עק. און אז ער האט דיר געבראכט אזא גרויסן בער, געהערט צו דיר דער בער. וועלן מיר אים ניט דערהרגענען. זאל ער זיך לעבן. זאל ער זיך זיין געזונטערהייט, אבער ער איז ניט ווי אלע בערן. נאר מיט א לאנגן עק. א בער מיט אן עק איז ניט ווי אלע בערן. און ווייסט איר וואס איך וועל מיט אים טאן—מע וועט באלד זען וואס איך וועל מיט אים טאן.

שטייט אזוי דער הונט און לעבן אים דער בער, אט אזוי ארומגערינגלט מיט פויערים. זאגט דער הונט צום בער:

— גוטע, זייער גוטע זיינען אט די צוויפיסיקע. זיי וועלן דיר קיין בייז ניט טאן. זיי דו אויך גוט צו זיי. זאלסט זיי אויך קיין בייז ניט טאן. דריי מיטן עק. דריי, וועלן זיי וויסן אז דו ביסט זיי טריי און אונטערטעניק. דריי מיטן עק, דריי. איך האב שוין ניט מיט וואס צו דרייען. דריי מיטן עק, דריי. אט אזוי, אט אזוי...



זאגט דער פויער מיט דער האק צו דעם פויער פונם הונט:

— ער איז א בער, נאר אז ער דרייט מיטן עק איז א גוטער סימן. יע, ער איז א בער. נאר כדי צו מאכן אים, ער זאל זיין א בער ווי אלע בערן, וועל איך — האק!

און מיט איין האק האט דער פויער מיט זיין האק דעם בער דעם עק, דעם לאנגן אפגעהאקט.

— הו־הו־הו־אהו, הו־הו־אהו —

האט דער בער ארויסגעברומט. הו־הו־הו—פינצטער, פינצטער, איז מיר אין די אויגן. הו־הו־הו...

און אנשטאט אן עק האט ער געפילט א ווייטאק אזא שארפן, אזא ברענענדיקן ,אזא שטעכנדיקן. און מיט פארמאכטע אויגן האט ער גענומען לויפן, לויפן. ער האט אין הונגער גאר פארגעסן. לויפן, לויפן און אנטלויפן,— דאס איז אלץ וואס ער האט געטראכט. לויפן, לויפן און אנטלויפן פון דעם ווייטאק, פון דעם הייסן און דעם שארפן. עס האט די זון זיך שוין אראפגעלאזן צו מערב זייט און ער איז נאך אלץ געלאפן, געלאפן. געלאפן איבער שטיינער, אריינגעפאלן אין גריבער, זיך אויפגעהויבן, ארויסגעקראכן און געלאפן, געלאפן, געלאפן. און אז די נאכט האט שוין געהאלטן ביים אנקומען, איז דער בער צעריק צום וואלד אנגעקומען, צום עק וואלד, וואו ער האט זיך

ענטפער טאַפּ דער הונט :

— אָ, ער איז מיין האַר, דער האַרציקער. אזא גוטער און באַרימהאַרציקער, אַוודאי נאָר פון גוטסקייט וועגן האָט ער דאָס צו מיר געטאָן, און אַז איך טראַכט פון אים ווערט מיר גאָר מיין ווייטאַק גרינגער. קום מיט מיר צו אים. איך גיי מיט דיר צעריק צו אים. וועסט בא אים נים ליידן קיין הונגער. ער וועט דיין קאָפּ, דיין הוקן גלעטן. אָ, מיין האַר, דער צוויפיסיקער.

טראַכט דער בער און טראַכט און זאָגט אזוי צום הונט :

— פיר מיך צו דיין האַר דעם צווייפיסיקן.

האָט דער הונט פאַרגעסן אין דעם ווייטאַק זיינעם און האָט דעם בער גענומען פירן און באַוויזן דעם וועג אין דאָרף אריין. און זייט ביים זייט צעזאַמען זיינען זיי זיך געגאַנגען צו די גערטנער, צו די סעדער און דערנאָך צום דאָרף, ביז זיי זיינען אָנגעקומען אין דאָרף אריין.



.8



טייט אין מיד דער פויער און קוקט, און קוקט און טראַכט :

— וועמען פירט עס דאָרט מיין הונט ? איז דאָס נים קיין בער וואָס גייט מיט אים שאָקלענדיק הין און הער זיין קאָפּ ?

קוקט דער פויער, קוקט און טראַכט:

— אַבער! ווי קומט אהער אַ בער ? לויפט ער אַרויס אין דאָרף און שרייט :

— אוי, געוואַלד אַ בער ! אוי, געוואַלד אַ בער !

קומען זיך צולויפן פויערים פון אַלע עקן דאָרף, איינער מיט אַ האַק, דער אַנדערער מיט אַ ביקס. איינער מיט אַ דראָנג, דער אַנדערער מיט אַ בייטש, מע לויפט און מען שרייט :

— אַ בער ! אַ בער !

לויפן קליינע קינדער און שרייען :

— אוי, געוואַלד, אַ בער ! אַ בער !

שרייט איין פויער :

— לאָמיר אים דערהרגענען !

שרייט דער אַנדערער :

— דערשיסן !

שטייט דער בער און לעבן אים דער הונט און האָבן גאָר קיין מורא נים.

— האסטו אמאל געזען א פערד ?

ענטפערט אפ די קאץ :

— איך האב אים פיינט. מיא־או, מיא־או, און דעם צווייפיסיקן האב איך אויך פיינט.

וואונדערט זיך דער בער :

— אט אזוי איז זי קליין און אלעמען, אלעמען האט זי פיינט ! און פלינקער איז זי פון דער מויז און נאך קליינער איז זי פון דער מויז. אפשר זאל איך גאר מיט איר שליסן שלום. אפשר ווערן מיט איר גוטע פריינט. זאל זי מיך פירן צום פריינט איר, דעם צווייפיסיקן. אפשר ...

קוקט דער בער אויף זיין לאנגן עק. קוקט ער צו דער קאץ וואס אויפ'ן פלויט, קוקט און קוקט און וויל שוין עפעס זאגן און מיט אמאל — וואס איז דאס פאר א ווייטיקער געשריי, וואס קומט פון ערגעץ און גלייך צו אים :

— אוי, אוי, אוי, אוי, וויי, אוי, אוי, או וויי... אוי, אוי, אוי.

און מיט'ן געשריי אין איין געלויף אים אנטקעגן לויפט א קליינער פירפיסיקער. ער לויפט פון דארף אין איין געשריי. שרייט און וויינט און בילט און אלע מאל בלייבט ער שטיין און לעקט און לעקט דעם ארט וואו אמאל איז געווען בא אים אן עק. און פון דעם ארט, וואו אמאל איז בא אים געווען אן עק, קאפעט בלוט. און דעם ארט, וואו עס איז אמאל בא אים געווען אן עק, באוויינט ער, באקלאגט ער :

אוי, אוי, אוי, וויי...



אוי, אוי, אוי, וויי...

אוי, אוי, אוי, וויי...

אבר ווי נאר ער האט דערזען דעם בער, האט ער זיך דערשראקן, זיך פארגעסן אין זיין עק. פארגעסן אין זיין ווייטאק און איז שטיל געבליבן. דערנאכדעם איז ער צום בער צוגעגאנגען און דעם בער ארומגעשמעקט, האט דער בער דעם הונט ארומגעשמעקט, און די לופט געשמעקט. האט ער דערשמעקט ביים הונט די רויטע וואונד, פון וואנען עס האט בלוט געטריפט. פרעגט דער הונט דעם בער :

— ווער ביסטו ?

ענטפערט אפ דער בער :

— איך בין דער בער. און ווער ביסטו ? און וואוהין לויפסטו מיט אזא געוויין ?

ענטפערט אפ דער בילער און דער וויינער :

— איך בין דער הונט און איך אנטלויף פון מיין ווייטאק. איך האב געהאט אן עק אפשר ווי דיינער. אזוי לאנג, און איצטער איז מיר נאר געבליבן א ווייטאק אויף דעם ארט פון מיין עק. אוי, מיט וואס וועל איך איצטער דרייען, אז דער צווייפיסיקער וועט מיר גלעטן מיין קאפ, גלעטן מיין רוקן. אוי וויי, אוי וויי.

טראכט דער בער, טראכט און טראכט און זאגט::

— מען קען פון ווייטאק ניט אנטלויפן. און איך קען פון הונגער ניט אנטלויפן. ווער איז דער צווייפיסיקער וואס האט דיין עק אויפגעגעסן ?

וואונדערן, און טראַכט:

— זי פרעגט בײַ מיר אַפילו ניט ווי איך הייס. פרעגט בײַ מיר אַפילו ניט ווער איך בין. קוקט אַפילו ניט צו מײַן לאַנגן עק, און אַז כאַפּן כאַפּט זי מײַז, איז זי פלינקער פון



אַ מויז; איז זי קליגער פון אַ מויז.

טראַכט אַזוי דער בער און פרעגט:

— האָסטו אַמאָל געהערט פון אַ בער?

ענטפערט אָפּ די קאַץ:



— פון אַ בער האָב איך קיינמאָל ניט געהערט און איך האָב אים פײַנט.

פרעגט דער בער:

— צי האָסטו אַמאָל געזען אַ האָז?



ענטפערט אָפּ די קאַץ:

— איך האָב קיין האָז נאָך קיינמאָל ניט געזען, נאָר איך האָב אים פײַנט.

פרעגט דער בער:

וואגן. און יעמאלט קריג איך האבער אויך. א, עס גלוסט זיך מיר אזוי אביסעל האבער!

— זאגט דער בער:

— אז דו ביסט געבונדן, ביסטו דאך געבונדן. און איך הער שוין דא דעם ריח פון זיסן האניק, וועל איך אליין מיר לאזן גיין צום ריח פון זיסן האניק.

אט אזוי האט דער בער געזאגט און אזוי האט ער געטאן. האט זיך אויפגעהויבן און אוועקגעשפרייזט שטיל און שווער. און דער פערד האט אים נאכגעקוקט, געטאן א שמייכל ארויף און אראפ מיט'ן וויידל און אים נאכגעקוקט. און דורכן נאז ארויסגעשנארכט און זיין שרעק ארויסגעבלאזן.

גייט דער בער ווייטער. גייט און גייט, ביז ער איז געקומען צום ערשטן פלויט וואס ארום די גערטנער. געקומען צו דעם ערשטן פלויט און מיט אמאל:

— ניא־או — מי־או — טפוי —

בלייבט ער שטיין דער בער און הערט:

— מיא־או, מיא־או — טפוי...

קוקט ער זיך ארום און זעט, אויפ'ן פלויט זיצט — וואס זאל עס זיין אזוינס וואס זיצט אויפ'ן פלויט? מיט פיר פיס און אים געראטן, און א קאפ א קיילעכדיקער און מיט אויגן געלע וואס בלישטשען. און קליין איז דאס, נאך קלענער פון אים ווען יעמאלט, ווען ער איז געווען א קליינינקער. און אזוי זיצט עס אויפ'ן פלויט און בלישטשעט צו אים מיט די אויגן און מאכט:



— מיא־או, מיא־או — טפוי...

זעצט זיך דער בער שוין ווידער אנידער אויף זיינע הינטערשטע פיס און פינטלט מיט זיינע קליינע אייגעלאך, טוט א שאקל מיט זיין שווערן קאפ און ווארט וואס וועט זיין. ווארט ער, ווארט און קען זיך ניט דערווארטן און פרעגט:

— ווער ביסטו, וואס דו קוקסט אויף מיר אזוי בייז?

ענטפערט דאס קליינע פירפיסיקע:

— מיא־או, איך בין די קאץ. איך וואוין אין הויז פון צווייפיסיקן. און כאפ בא אים אין הויז די מייז.

פרעגט דער בער:

— וואס טוען דיר די מייז?

ענטפערט אפ די קאץ:

עס לאזן מיר די מייז ניט שלאפן, ווען איך וויל שלאפן. און אזוי וויל אויך דער צווייפיסיקער, מיין פריינט.

פרעגט דער בער:

— ביסטו זיין פריינט, און כאפסט די מייז אין זיין הויז, טא וואס עסטו אין זיין הויז?

ענטפערט אפ די קאץ:

— ער גיט מיר מילך. ער גיט מיר פלייש. און גלעט מיך אויף מיין רוקן, ווייל ער האט מיך ליב. אבער עסן עס איך מייז. אז איך כאפ א מויז, שפיל איך זיך מיט איר, ביז איך עס זי אויף. און דערפאר האט מיך ליב מיין פריינט, דער צווייפוסיקער.

וואונדערט זיך דער בער און קען זיך ניט אפ־

זעצט זיך אַנידער אויף די הינטערשטע פיס דער בער. דרייט אַרום זיך זיין עק ווי אַ קאַץ, פינטלט מיט די קליינע אויגלאַך און זאָגט:

— איך בין זייער הונגעריק. שוין גאַר שטאַרק הונגעריק בין איך. אָבער ווער ביסטו מיט פיר פיס ניט ווי מיינע און מיט אַ קאָפּ ניט ווי מיינער און די אויערן און די אויגן און דער ווידל—גאַר ניט ווי בא מיר?

טוט דער גרויסער פירפיסיקער נאָך אַמאָל אַ שנאָרך מיט זיינע צוויי נאָזלעכער, בלאָזט אַרויס זיין שרעק דורך די צוויי נאָזלעכער און זאָגט:

— פכראַלל... איך בין דער פערד.

וואונדערט זיך דער בער און קען זיך ניט אָפּוואונדערן, און פרעגט:

— אַ פערד?

ענטפערט אָפּ דער פערד:

— יע, איך בין דער פערד. איך בין ביים צווייפיסיקן אַ קנעכט און ער איז מיין גוטער האַר.

זאָגט דער בער:

—עס האָט דער האַז מיר דערציילט פון די צווייפיסיקע, אַז שלעכטע, שלעכטע זיינען די צווייפיסיקע.

זאָגט דער פערד:

— ניטאַ קיין שלעכטער האַר. ניין, ניטאַ קיין שלעכטער האַר פאַר דעם וואָס איז אַ גוטער קנעכט. זאָג מיר אָבער ווער ביסטו?

ענטפערט אָפּ דער בער:



— איך בין דער בער.

וואונדערט זיך דער פערד און קען זיך ניט אָפּוואונדערן. טוט ער אַ שאָקל פריער מיטן רעכטן אויער, טוט אַ שאָקל מיטן לינקן אויער, טוט אַ שמיץ אַרויף און אַראָפּ מיט זיין ווידל און טראַכט און טראַכט.

פינטלט דער בער מיט די אייגעלאַך און פרעגט:

וואָס אַזוינס ניט דיר דיין האַר דער צווייפיסיקער?

ענטפערט אָפּ דער פערד:

— מיין האַר גיט מיר עסן.

זאָגט דער בער:

— איך בינק אַזוי נאָך אַביסעל האָניק, פיר מיך צו דיין האַר דעם צווייפיסיקן.

ענטפערט אָפּ דער פערד:

— זעסט, איך בין געפּענטעט. מיינע פאָדערשטע פיס געפּענטעט, דאָס האָט דער צווייפיסיקער מיך אַזוי געבונדן איך זאָל ניט אַרומלויפן אַרום און אַרום, אַנטלויפן פון די פליגן און בלייבן הונגעריק. ער זאָגט אַז איך קען די פליגן מיטן ווידל אָפּטרייבן. בינדט ער מיך צו, איך זאָל שטיין אויף איין אָרט און עסן און עסן.

פרעגט דער בער:

— קען מען לעבן אָט אַזוי געבונדן? קען מען שטענדיק גריזשען, גריזשען אָט אַזוי די גראָז?

ענטפערט אָפּ דער פערד:

— אַ, ער בינדט מיך אָפּ, ווען ער באַדאַרף מיך שפּאַנען אין זיין וואָגן. ווען איך באַדאַרף שלעפּן אים און זיין

— פכראלל... מיט אמאל פון הינטער בוים, א שנארך פון גרויסע נאזלעכער — פכראלל...

וואס איז דאס? בלייבט ער שטיין און קוקט און קוקט און זעט: אהינטער א בוים מיט געדיכטע צווייגן



שטייט א פירפיסיקער. אבער א גרויס פון א פירפיסיקן! ניטא צווישן בערן אזא גרויס. ניטא צווישן בערן אזא לאנגער קאפ, און מיט אזוינע לאנגע אויערן און מיט אזוינע גרויסע אויגן און מיט אזא לאנגן האלדז און מיט אזוינע לאנגע פיס און מיט אן עק, — וואס איז דאס פאר אן עק? א בינטל לאנגע האר און גאר ניט מער.

טוט דער פירפיסיקער נאך אמאל א כראפ מיט דער נאז, טוט פארגאפט א שנארך די לופט, פארשפארט שטארק זיינע פיר הויכע פיס אן דרערד און קוקט צום בער, און כאטש ער איז אזא גרויסער, אזא גרויסער, פונדעסטוועגן האט ער אביסל מורא פאר דעם בער, וואס איז צו אים אנגעקומען אנטקעגן.

ענטפערט אים דער האז:

— אויב דו ווילסט לויפן אהין פון וואנען איך בין אנטלאפן, וועסטו דארטן א בארנע בוים געפינען. און אפשר א סך בארנע ביימער. דארטען וועסטו געפינען א בינשטאק, און אפשר א סך בינשטאקן וועסטו געפינען.

זאגט צו אים דער בער:

— קום מיט מיר זייט ביים זייט, וועל איך פאר דיר בארנעס טרייסלען. וועל איך פאר דיר קריגן זיסן האניק. קום און באוויז מיר נאר דעם וועג.

ענטפערט אים דער שפרינגער:

— מיין שרעק איז גרויס, אז איך גיי אהין. עס וויל מיין הארץ פאר שרעק ארויספאלן ווען איך גיי אהין. איינמאל בין איך היינט געווען שוין דארטן. און טאמער וועל איך צוויי מאל גיין אויף דעם אייגענעם וועג, וועל איך פאר שרעק מיין הארץ אנווערן. זיי דיר בעסער אליין, איך קען מיט דיר ניט גיין.

— נו, גיי איך מיר אליין — זאגט דער בער. — איך גיי אהין פון וואנען דו ביסט געקומען. איך וועל דעם וועג שוין אליין געפינען.

געזאגט, און אוועקגעגאנגען איז דער בער, הין און הער דעם קאפ שאקלענדיק און געשמיסן הין און הער מיט זיין לאנגן עק. און דער האז, דער פחדן, האט אים נאכ־געקוקט און געטראכט:

— אוי, איז דאס א גבור! אוי, האט ער א כוח! אזוי גאר רואיק שפרייזט ער זיך אהין, אזוי רואיק, אן מורא.



7.


ארט, וואוהין עס האט דער האז געשיקט דעם בער איז געווען א דארף. ארום דעם דארף—גערטנער, סעדער. אין די גערטנער — מערן, בורעקעס און קרויט. אין די סעדער—עפל ביימער, בארנע ביימער, שווער ארום און ארום מיט עפל און בארנעס ארומגעהאנגען. און ארום די גערטנער און סעדער פלויטן און צאמען. און צווישן די פלויטן און צאמען וויגן אז שטעגן וואס האבן געפירט אין דארף אריין.

אט אהין האט אים געשיקט דער האז, אט אהין האט געשפרייזט דער בער שווער און שטיל.

אוי, האט אים גענאגט א הונגער! עס האט דער הונגער אויף אים רייטנדיק זיך אנידערגעזעצט און־האט אים געשעפטשעט שטיל אין אויער אריין:

— דו פאלג מיך, לאז מיר נאר אויף דיר אט אזוי רייטן ביז אין דארף אריין, ביז צו די סעדער, ביז צו די גערטנער, ביז צו די בינשטאקן, אוי, וועט עס זיין א חיות. אוי, וועלן מיר עס נאשן! אוי, וועלן מיר עס פרעסן, שפרייז־נאר גיכער, גיכער.

אט אזוי האט דער הונגער אים געשעפטשעט אין אויער אריין. אט אזוי האט דער הונגער אים געטריבן גיכער, גיכער.

**דערטע אויגן.** קוקט צום בער און שאָקלט מיט די ליפּן ווי עפּעס קייענדיק.

**זעצט זיך אַניִדער דער בער** אויף זיינע הינטערשטע פיס און קוקט אָן מיט זיינע קליינינקע אייגעלאַך דעם פלינקן שפּרינגער.

פרעגט דער בער:

— ווער ביסטו, דו פלינקער שפּרינגער?

ענטפערט אים דער שפּרינגער:

— איך בין דער האָז.

זאָגט דער בער:

— עס האָט די מאַמע מיר דערציילט פון אַ האָז וואָס האָט ניט קיין עק.

ענטפערט אים דער שפּרינגער:

— דאָס בין איך דער האָז, וואָס האָט ניט קיין עק.

פרעגט דער בער:

— געדיינקסטו ווי לאַנג דו האָסט ניט קיין עק?

ענטפערט אים דער האָז:

— עס האָט מיין באָבע נאָך געהאַט אַן עק, און עס האָט מיין זיידע נאָך געהאַט אַן עק, האָבן זיי אים אָנגע־וואָרן פאַר שרעק.

פרעגט דער בער:

— שרעק? פאַר וועמען?

פאַראַנען דאָ צווייפיסיקע, שלעכטע זיינען צווייפיסיקע. זיי פלאַנצן פאַר אונדז גערטנער, זייען פאַר אונדז פעלדער. קומען מיר אַהינצוצו, אַז מיר זיינען הונ־



געריק, אָ, קיינמאָל זיינען מיר ניט זיכער ווען מיר גייען אַהינצוצו. זיי האָבן הינט, בייזע הינט, פלינקע ווי דער ווינט און בייזע ווי די וועלף. יאָגן זיך נאָך אונדז ווען מיר גייען אַהינצוצו. איז איינמאָל לויפנדיק און אַנטלויפנדיק פון די צווייפיסיקע און די בייזע הינט, האָט מיין זיידע אָנגעוואָרן זיין עק, האָט מיין באָבע אָנגעוואָרן דעם עק. אָ, ווען ניט די צווייפיסיקע, אָ, ווען ניט די צווייפיסיקע.

**פינטלט, פינטלט** דער גרויסער בער מיט זיינע קליינע אייגעלאַך און זיין עק אַרום די הינטערשטע פיס אַרומגע־וויקעלט. פינטלט ער, פינטלט ער מיט זיינע אייגעלאַך און זאָגט אַזוי צום האָז:

— איך בין שוין זייער הונגעריק, איך וואָלט עפּעס וועלן עסן.

פרעגט דער האָז:

— ווער ביסטו און וואָס קענסטו עסן?

ענטפערט אים דער בער:

— איך בין דער בער און עסן קען איך אַלץ.

וואונדערט זיך דער שפּרינגער און קען זיך ניט אָפּ־וואונדערן. וואונדערט זיך און שאָקלט מיט זיינע ליפּן און שעפּטשעט:

— אַ בער מיט אַ לאַנגן עק אַזעלכן! ווי בײַ אַ הונט ווי בײַ אַ וואָלף...

קוקט אים אָן דער בער, קוקט אים אָן און פרעגט:

— ווייסטו וואו פון בינשטאָקן? ווייסטו וואו פון בארנע ביימער?

— האָט אַ בער אַן עק?

— און אַזאַ לאַנגן עק!

—ווי בײַ אַ וואָלף!

— ווי בײַ אַ קאַץ!

—ווי בײַ אַ הונט!

—דאָס איז ניט קיין בער.

שרייען אַלע אויס:

— ניין, ער איז ניט קיין בער!

פרעגט דאָס ערשטע ווייזעלע:

— אויב דו ביסט אַ בער, טאָ וואָס זשע, זאָג מיר, עסטו?

ענטפערט אָפּ דער בער:

— איך עס די פרוכט פון די ביימער, און עס יאַגדעס פון די קליינע ביימלאַך. איך קען עסן וואָרצלען, גראָז און האָניק, ווען איך קען נאָר קריגן. און אויך אַמאָל, אַמאָל אַ שטיקעלע פלייש.

דערשרעקן זיך די ווייזעלאַך, שעפּטשען שטיל מיט שרעק איינס צום אַנדערן:

— אַ שטיקעלע פלייש... אַ שטיקעלע פלייש. קוקט נאָר אָן זיין עק, קוקט נאָר אָן זיין עק!

און אַראָפּ פון די בערגעלאַך זיינען אַלע, אַלע ווייזעלאַך. אַלע, אַלע מיט אַמאָל שנעל אַראָפּ פון די בערגעלאַך צעריק צו זיך אין די נאָרעלאַך. האָבן זיך באַהאַלטן און געשעפּטשעט:

— אַ שטיקעלע פלייש, אוי, אַ שרעק...





און האָבן זיך צוגעהערט צום בער וואָס האָט גע־שפּרייזט צווישן די בערגעלאַך מיט זיינע שווערע, ווייכע טריט, און געשמעקט, געשמעקט די בערגעלאַך; גע־שמעקט די נאָרעס ביים זייט פון די בערגעלאַך.

6.



אָס וועט זיין פון מיר? וואָס וועט זיין פון מיר? — האָט געטראַכט דער בער, ווען ער האָט געשפּרייזט ווייטער שטיל און שווער דורך דער געגנט דער טרוקענער.

— וואו טו איך אים אַהין אָט דעם עק? ווען וועט קומען אַן עק צו מיינע צרות די ביטערע?

קומט אים אָן אַנטקעגן צושפּרינגען אַ פלינקער שפּרינגער וואָס האָט ניט קיין עק. און די הינטערשטע פיס בײַ אים זיינען לייגגערע און די פאָדערשטע פיס זיינען קירצערע. אַ פלינקער שפּרינגער. נאָר, אַז ער לויפט אַזוי שפּרינגענדיק מיט די הינטערשטע לאַנגע פיס און מיט די פאָדערשטע קורצע פיס, דאַכט זיך שטענדיק: אָט באַלד, אָט באַלד וועט ער איבער זיין איינענעם קאָפּ אַרי־בערפאַלן.

דערזעענדיק דעם בער בלייבט ער זיצן אויף די הינטערשטע פיס און קוקט מיט גרויסע, גראָע פאַרוואונ־

נאכט האבן זיי זיך געזעגנט. עס האט שוין יעמאלט אנגעהויבן גרא צו ווערן די זומער־נאכט אין מזרח הימל, ווען זיי האבן זיך אפגעזעגנט. די מאמע איז צעריק אין וואלד אריין. מיט'ן טיפען וואלד זיך אוועקגעלאזן צעריק, צעריק ביז זי האט דערשמעקט די טריט פון יונגע און אלטע בערן, ביז זי האט דערשמעקט די טריט פון אירע אייגענע, שוועסטער און ברידער. און דער יונגער בער דרייענדיק מיטן לאנגן עק הין און הער, איז ארויס פון וואלד. פון וואלד ארויס אין פרייען פעלד אריין, און צווישן קארנפעלדער, און צווישן ווייצן פעלדער האט ער שטיל און ווייך געטראטן. פרעמדע, פרעמדע טריט געשמעקט און אלץ ווייטער, ווייטער האט ער געשפרייזט ווייך און שטיל, מיט זיין לאנגן עק הין און הער דרייענדיק.

5.



ס איז געווען ארום האלבן טאג ווען ער איז ארויסגעקומען צו א געגנט א טרוקענער און א זאמדיקער. א געגנט א טרוקענער, פון דער זון א פארברענטער. טרוקענע גראזן האבן זיך ארויסגעשלאגן פון פארשמאכטע, פארטריקנטע ווארצלען און זיינען אויך געווען געלבלאך ווי דער געלער זאמד, און צווישן די גראזן—בערגעלאך, בערגעלאך, בערגעלאך, און אויף די בערגעלאך וויזעלאך, וויזעלאך, וויזעלאך, געלבלאך ברוינע וויזעלאך. געזעסן זיינען די



וויזעלאך אויף די הינטערשטע פיסעלאך און האבן געקייט טרוקענע ווארצלען. שנעל געקייט. אט ווי עס טוט אמאל דאס וועווריקל ווען עס גריזשעט א ווילד ניסעלע. קוקן די וויזעלאך אויף די בערגעלאך צום בער וואס קומט אן. קוקט דער בער צו די וויזעלאך אויף די בערגעלאך און זאגט צו זיי אזוי:

— גוט מארגן איך, מיינע וויזעלאך. איך זע, איר זייט די וויזעלאך, וואס די מאמע האט מיר דערציילט. איר האט קורצע, קורצע, עקעלאך און זיצט אויף די הינטערשטע פיסעלאך.

ענטפערט אפ א ווייזעלע:

— יא, דאס זיינען מיר די וויזעלאך. מיר האבן קורצע, קורצע עקעלאך און זיצן אויף די הינטערשטע פיסעלאך, און ווער ביסטו מיט אזא לאנגן, לאנגן עק און מיט א קאפ פון א בער און מיט פיס פון א בער און אינגאנצן פון א בער?

ענטפערט אפ דער בער:

— איך בין א בער.

פרעגט א צווייט וויזעלע:

— דאס ביסטו דער בער?

ענטפערט אפ דער בער:

— דאס בין איך דער בער.

הערן אויף צו קייען אלע וויזעלאך אויף די בערגעלאך, קוקן אן דעם בער און איינס נאכ'ן אנדערן פרעגן זיי פארוואונדערט:

שמעקט, האט ער שוין דעם האניק דערשמעקט. און אײדער ס'האט א בין זיך געקענט שטעלן אויף זײן שפּיץ נאז און מיטן גיפטיקן נעדעלע אים א שטאך געבן, האט ער שוין זײן נאז אין האניק ארײנגעשטעקט. רינגלען



אים אומזיסט ארום די בינען. וואס קענען דען אים טאן די בינען? זײן פעל איז געדיכט און שווער מיט האר באוואקסן, נישטא וואו צו שטעכן. און אן עק האט ער וואס שמײסט און שמײסט אויף אלע זײטן... יא, ער

האט שוין יעמאלט אלע וועגן פון א בער געוואוסט. און אז די צײט איז געקומען צו שײדן זיך, האט די מאמע זײנע אויף די הינטערשטע פיס זיך אנידערגעזעצט, און ער אנטקעגן איר. זײ האבן זיך ארומגעשמעקט, זיך ארום־

גענומען, זיך געקושט און געזעגנט. געזעגנט און געקושט. און לאנג, לאנג צום לעצטן מאל זיך געשמעקט, כדי עס זאל די מאמע געדײנקען דעם ריח פון איר קינד און עס זאל דאס קינד געדײנקען דעם ריח פון דער מאמען. א גאנצע

אז עס איז געווארן גרוילאך, ליכטיקלאך אין מזרח זייט און די פייגעלאך האבן שוין געזונגען און געטאנצט פון צווייג צו צווייג, ווארטנדיק, אז דער טאג זאל קומען, אז די זון זאל אויפגיין, יעמאלט איז די מאמע בער מיט איר קינד צום עק פון וואלד ארויסגעקומען. עס האט זיך שוין באוויזן די זון אין מזרח זייט ווען זי איז צום עק פון וואלד ארויסגעקומען.

גאר פארמאטערט זיינען זיי געווען ביידע. די מאמע בער האט זיך אוועקגעלייגט און לעבן איר איר קינד. די מאמע בער איז איינגעשלאפן און דאס בערעלע האט געזויגן איר ברוסט. געזויגן, געזויגן און אז עס האט זיך אנגעזויגן האט עס אנגעהויבן צו שטיפן ארום דער מאמע בער און די מאמען אויפגעוועקט. האט די מאמע בער לאנג געשמעקט די לופט ארום, האט איר קינד באטראכט. האט איר קינד מיט אירע פיס ארומגענומען, געקוקט דעם גלייך אין די אויגן און געזאגט אזוי:

— ווייסט, מיין קינד? איך טראכט און טראכט אז דו ביסט מיין קינד, און עס טוט מיין הארץ מיר ווי פאר דיר, מיין קינד, אט דא וועט זייער אויג אונדז ניט זען. אט דא וועט זייער נאז אונדז ניט מער דערשמעקן. אליין, אליין וועלן מיר דא ביידע זיין. איך וועל דיך לערנען ווי צו וואקסן. איך וועל דיך לערנען ווי אזוי צו קלעטערן אויף די ביימער, ווי אזוי האניק פון די בינשטאקן ארויסצונעמען און ווי אזוי צו טרייסלען בארנעס פון די ביימער. איך וועל דיך לערנען ווי אזוי צו זיין א בער, און אז דו



וועסט ווערן, מיין קינד, שטארק און גרויס, יעמאלט וועסטו, מיין קינד, זיך פון דאנען לאזן. לאזן ווייט אין דער ווייטער וועלט אריין. ווייל צעריק אין וואלד צו אונדזערע איז דער וועג א שווערער מיט א לאנגן עק. עס באדארף א בער קיין עק ניט האבן. עס טאר א בער קיין עק ניט האבן. שטיל און רואיק וועסטו אומוואנדערן ביז דו וועסט באגעגענען א פירפיסיקן ווי מיר בערן און וואס זאל זיין מיט א לאנגן עק ווי דו, מיין קינד. זאל ער דיך צו זיינע ברענגען. זיי וועלן דיך צו זיך אריינגעמען. לאז זיך פון זיי פירן. אויב דו וועסט באדארפן פארגעסן ווי צו זיין א בער, טו עס, טו, מיין קינד, ווארום בא אונדז צווישן אונדזערע, שלעכט וועט זיין צווישן אונדזערע. ביטער וועט דיר זיין מיט א לאנגן עק צו לעבן צווישן בערן.

.4




יז דער יונגער בער געוואקסן. ער איז געוואקסן און זיין עק איז געוואקסן. איז ער געווארן שטארק און גרויס, ווי די מאמע האט אים געזאגט. געקענט האט ער שוין קלעטערן אויף די ביימער. און אז ער האט ארומגענומען א בארנע בוים און געטרייסלט, זיינען אלע, אלע בארנעס צו אים אויף דרערד געפאלן. און אז ער איז צו א בינשטאק אנגעקומען, איז נאך איידער עס האבן אים די בינען דער-

.2



אבן זיך דערוואַכט די בערן אין וואַלד. די בערן די אַלטע, די בערן די יונגע האָבן זיך דערוואַכט. אַז אין דער נאָרע פֿון אַלטן, אַלטן בוים וואַקסט אַ נייער בער, אַ בער מיט אַ לאַנגן עק. איז פֿריער איינער געקומען צום אויסגעהוילטן בוים. געשמעקט, גע־שמעקט די לופֿט אַרום דעם בוים. געשמעקט, געשמעקט די ערד אַרום דעם אַלטן בוים. האָט עפּעס דערשמעקט און איז אַוועקגעגאַנגען.

זיינען ווידער בערן, אַלטע און יונגע אָנגעקומען צו דער נאָרע אין דעם אַלטן, אַלטן בוים. האָבן פֿריער זיך אַליין אַרומגעשמעקט. דערנאָך דעם בוים געשמעקט. דערנאָך די לופֿט געשמעקט און געוואַרט און געוואַרט. קומט אַרויס די מאַמע בער. איז די ברוינע האָר אויף איר פֿעל נים אַזוי שוין ברוין. געלבלאָך און אויסגעקראַכן. אַ מאַמע, נעבאָך, אויסגעמאַטערט. אַ מאַמע, נעבאָך איינ־געצויגן און אומעטיק. נעמען און שמעקן זי אַרום די בערן. פֿריער איינער, דערנאָך אַ צווייטער, דערנאָך אַ דריטער און אַ פֿערטער. גייט פֿריער צו איינער און שמעקט די נאָרע פֿון דעם בוים. דערנאָך אַ צווייטער און דערנאָך אַ דריטער, פֿערטער און אַ פֿינפֿטער. דערנאָכדעם שמעקן זיי די לופֿט. שווייגן, שווייגן. שאָקלען מיט די שווערע



קעפּ. וויגן הין און הער די שווערע קעפּ, און איינער נאָך דעם אַנדערן, אַזוי זיך שווייגנדיק, גייען זיי אַוועק צוריק אין טיפֿן וואַלד אַריין.

.3



אַט די מאַמע דאָס פֿאַרשטאַנען. האָט פֿאַרשטאַנען אַז דאָ אין וואַלד איז שוין פֿאַר איר קיין אָרט נים. דאָ אין וואַלד—שלעכט וועט זיין דאָ אין וואַלד.

און איינמאָל אין אַ נאַכט גאָר אַ פֿינצטערער, שטיל אַזוי, גאָר שטיל האָט די מאַמע בער איר בערעלע אויפֿגעוועקט און אַרויס־געפֿירט אים פֿון דער נאָרע, פֿון דער היים אין דעם אויס־געהוילטן בוים. לאַנג און שטיל איז זי מיט איר קינד גע־גאַנגען. געשמעקט די ערד, זי זאָל נים באַגעגענען די טריט פֿון אירע ברידער, שוועסטער. מע זאָל נים וויסן וואָס און וואו זי וועט זיך פֿאַרקלייבן. ווייט גאָר ווייט פֿון אירע שוועסטער, ברידער. ווייט, גאָר ווייט פֿון אויג פֿון אַלע אירע גוטע פֿריינט.

אַ גאַנצע נאַכט זיינען זיי געגאַנגען. פֿריער די מאַמע בער און אַהינטער איר לויפֿנדיק און פֿאַלנדיק איז איר קינד נאָכגעלאָפֿן. און הין און הער געדרייט מיטן עק.

.1



ין אן אלטן, אלטן איסגעהוילטן בוים ליגט די מאמע בער און הערט ווי עס זויגט פון איר ברוסט איר קליין בערעלע. הערט ווי עס זויגט איר בערעלע און טראכט :

— איז דאס מיין קינד ? האב איך אזוינס געבוירן ?

לעקט זי דאס בערעלע, שמעקט זי דאס בערעלע און פינטלט מיט די קליינע ברישע אייגעלאך און טראכט :

— ווי קומט צו מיר א קינד מיט א לאנגן עק ? א בער מיט א לאנגן עק. און צי איז עס גאר א בערעלע, וואס איך האב געבוירן ?

טוט זי א לעק דעם עק, טוט זי א שמעק דעם עק פון קליין בערעלע און טראכט :

— און וואס וועט זיין, אז אלע בערן אין וואלד, אלטע און יונגע וועלן זיך דערוויסן וואס פאר א קינד איך האב געבוירן ? וואס וועט זיין פון מיר און פון מיין קינד ? א קינד מיט א לאנגן עק, צי איז עס גאר מיין קינד, צי וועט עס זיין א בער ?



טוט זי נאך אמאל א שמעק דעם עק; טוט זי נאך אמאל א לעק דעם עק און טראכט :

— יא, עס וואקסט א בער. יא, עס איז מיין קינד. וויי איז מיר און ווינד. וויי איז צו מיר און צו מיין קינד.

גיט די מאמע בער אוועק איר מילך צום בערעלע איר קינד, און זי לעקט און וואשט איר קינד און ווען זי טוט א לעק זיין עק ווערט איר שווער און ביטער. אוי, ווי עס ווערט איר שווער און ביטער !



אַ מעשה מיט אַ בער - - - - - פרץ הירשביין
צוויכנונגען - - - - - - - - ב. אראנסאָן
חילע - - - - - - - - - - א. גודלמאַן

אַלע רעכט פארבאהאלטן

ארויסגעגעבן מיט דער הילף פון דעם פרויען קלוב
„פון די קליינע קינדערס וועגן"
בא דעם
שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט, נ. י.

געזעצט און געדרוקט אין
- טריאָ פרעס דרוקעריי -
28 איסט 4טע גאַס, ניו יאָרק

פאַרלאַג מתנות
בא דעם
שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט
ניו יאָרק, 1925

# א מעשה מיט א בער

פון

פרץ הירשביין

